# נָאר אַדָאקְטָאר!

## אָדער

## דֶער לֶעצְטֶער דַאנְק

איין אויס גֶעצייכֶענְטֶער, און זייעֶר אַ אינְטֶערֶעסַנְטֶער
ראמַאן, מיט זֶעלְטֶענֶע פַיינֶע בילְדֶער.

פון ג. ח. לעוונער.



## ווילנא

שנת תר"ם לפ"ק

НОРЪ АДОКТОРЪ.
т. е. Только докторъ.
Разсказъ Г. Х. Левнера.
Соб. изд. Л. Л. Маца.

# I.

## דעם גביר'ס שוועסטער.

איך מוז אנטלויפען! אנטלויפען, אנטלויפען פון דאנען! נא, איז מיר ענג, ניט גוט, ביטער און פינסטער! פוי! וויא מיר איז איבעל דיא גאנצע שטאדט, וויא האסליך מיר ווייזען אויס אלע גאסען, אלע גארטענער, אלע בולווארען מיט אלע סעדער, אפילו דיא זון, דיא לבנה מיט דיא שטערין, ניוויזען מיר אויס, דורך דיא פארדארבענע לופט, פון דער שטאט — משונה שווארץ, פינסטער, אן א שאם ליכטינקייט, אן א שום גלאנץ! וואו זיינט איהר פריילעכע אווענדען? וואו זיינט איהר ליבע פינסטערע געכט? וואו זיינט איהר אלע מיט איין מאל נעלם געווארען? וויא איז דאס מיט איין מאל פינסטער חשך געווארען? מיט איין מאל איבער געריסען איבער געשניטען געווארען?! איך מוז, איך מוז, אנטלויפען, אנטלויפען צהיען, וואו דיא אויגען קוקען.. אהין וואו זי—זי—זי—איז ניט געוועזען, און איז ניט דא! דא וועל איך זיך פאר געסען, דארט וועט מיין אונגליקליכע צושמאלצענע הארץ, אנהייבען זיך בערוהיגען, און פאר קיהלין, דארט וועלין זיך מיינע בלוטען איינשטילען, און אפ שטעלין! דארט־וועל איך קאנען בעטראכטען, וואס זיא האט מיט מיר, און פון מיר געמאכט, דארט וועל איך קאנען בארעכענען, אפ מעסטין און אפ וועגען, וויא גרויס איהרע אכזריות, מיט איר רציחה איז געגען מיר! א.. גאט! גאט! וואו ביזטו דו! אויב דוא קוקסט אראפ אהער.. אהער.. אויב דוא זעהסט און שווייגסט איז דאס שרעקליך! איום ונורא!.

אט דיא דאזיגע ווערטער, האט הויך אויפען קול גערעדט מיט זיך, איונגער מענש, אינ'ם עלטער, פון אַיאהר 24, א הויכער א שלאנקער מיט אלאנגלעכען פנ'ים, וואס איז בעוואקסען מיט אקליינע

אדאקטער

אַקליינע ניט רעכט שוואַרצע בּערדעלע, עלעגאַנטעש געקליידעט, ריין און זויבּער; אויפלויפעדיג בּייא זיך אין צימער, הין און הער, מיט אַזא מהירות, אַז ווען ניט דיא ווענט ואַלען זיך אָפּהאַלטען, וואָלט ער געטים געלאָפען בּיז א בּרעג וועלט! אַצייט, אַ צייט, אפשר גאַנצע 2 שעה איז ער אומגעלאָפען, בּיז אין צימער איז געוואָרען רעכט פינסטער. און ניינע פיס, האָבּען אָנגעהייבּען זיך פּלאָנטערען.. זיך בּייגען אונטער אים, און איז אַן פּח געפאַלען אויף אַ שטוהל — אַהיפּשע ווייל‌ע האָט געדויערט, בּיז ער האָט זיך אַבּיסעלע בּערוהיגט, דאַן האָט ער אָן געצונדען אַקליין לעמפּעל, און אָנגעהייבּען פאַר זיין שוואַכע, קליינע ליכטיגקייט, וויא נאָמען ליגען, און פאַקען, אין א גרויסע טשעמאַדאַן, פאַר שיידענע חפצים.

דאָס זיינען סך הכּל, קאַרגע 3 יאָהר, זייט יאַנקעלע הויפטפיין, איז אָנגעקומען קיין טאַרטשער בּוגאַוקע, צום גביר, פאַר אַ דינער אין זיין גרויסע שניט־קראָם, דעם ערשטען האַלבּ יאָהר, האָט יאַנקעלע אַקליינעס געהאַלט בּאַקומען, ווייל קיינער האָט אים ניט געקאַנט; נאָר בּאַלד וויא מע האָט ערפאַהרען, זיין ערלעכקייט, פיינקייט, און איבּער הויפּט פעהיגקייט, האָט מען גלייך, אים בּעשטימט אַיין אַנשטאַנדיקע געהאַלט; ער איז געווען, געהערט און געאַכט, ניט נאָהר בּייא זיין וויהרט און ווירטהין, נאָהר בּייא אַלע איבּעריגע מענשען, וואָס האָבּען זיך, אין דעם גרויסען רייכען געשעפט, געפונען, און בּייא יעדערין וואָס האָט דיא עהרע גיהאַט קאָנען דעם פיינעם עדעלען יונגין מאַן; נאָר נאָך מער וויא בּייא אַלעמען, האָט יאַנקעלע הויפטפיין געפונען חן, בּייא דיא מאַכטעל דאָרע מאַרקאָווגע דעם גביר'ס לייבּליכע שוועסטער;

דאָרע מאַרקאָווגע, אַזאַ אַסיידעל אַיאָהר 20, זיא איז אַיתומה, זיא האָט ניט קיין פאָטער קיין מוטער; נאָר איהר גוטער, איר געלטען פיינער בּרודער, האָט בּייא איהר פאַר טראָטען דעם אָרט, פון דיא בּעסטע גיטרייעסטע עלטערין? ער

האט זיא גינעבין לערנען, בילדין, נאר גלייך מיט זיינע טאכטער, זיא איז בייא אים ליב, אונ טייער געוועזען, וויא זיינע אקינד, אן א שום אונטערשייד; אונ ער האט אביזאוועט אז ער גיט 3 טויזענט רובל נדן, גרייטע געלט, לבד אבייכען גארדעראב, באים אויב עס וועט זיך טרעפען ארעכטער חתן. —

דארע מארקאוונא האלט איצט, אין רעכטען בליהען, צפ גנעוואקסען איז זיא, וויא א שיינע סאסנע; איר קיילעכדינגער קלאר ווייסער פנים, איז פול מיט חן; איר קליינע מיילכעלע, אירע דינע ראזע ליפען, אירע רויטע שיינע באקען מיט דיא חן גריבעלעך; אירע 2 שיינע זילבער ווייסע ציילען, אפ געמאסטענע אפ ניטאקטע, ציינער, איר אלבסטער ווייסער, אונ רונדער שטערין; אירע שיינע אויגין מיט דיא שווארצע ברעמען, דאס אלעס צוא זאמען מיט איר גישמאקע שטימעלע אונ זיסע אויס־שפראכע, האבין אין זיך 10 טויזענט חנען; יעדער איינציגער ווער עס האט איר גיזעהן, איז צוא גיקאכט, צוא גיזאדין גיווארין צוא דיא זעלטען שיינע בלום; נאר דורך אויס גוט, וויא דורך אויס ליבטיג, גיט ניט. צווישין אלע מעלות, האט דארע מארקאוונא גיהאט איין חסרון, וואס דער חסרון האט כמעט פאר דונקילט יענע אלע מעלות, נאטור וויא א פלאר באדעקט א שיינעם בילד...

דער חסרון איהרער איז געוועזען, וואס זיא איז געוועזען, ניט קיין גרויסע חכמה. אביסעלע ניט פאר שפיצט.. ניט דער פאהרין.

אונ דיא שיינע פריילין, האט נעווארפין אין אויג, אויף דעם בייא אלעמען גיליבטין, גיאבטעטין, אונ גיריהמטין, הויפטפיין, וועלכער איז אין דיא ווירקליכקייט, גיוועזען אזעלטינג־הייט, מיט זיינע שיינע מדות, מיט זיין שטאט, מיט זיין גע־שטעלטען, קלוגין דעת, חוץ דעם וואס ער איז אגישעפטסמאן, מיט אלע „פליטערלעך" וואס ווייס „מסחר, מיט אלע פינטעלעך, מיט אלע קנייטצעלעך: איז ער ניט קיין עם הארץ, נו אין אידיש

סן אין רוסיש, איין ערליכע הארץ, מיט אריינע נשמה, מיט זייער, זייער אפיינעם איין עדעלען סאראקטער.

אנאנצער האלב יאהר, האט געדויערט, ביז זייער ביידענס «בעקאנטשאפט» איז געקומען, צוא דיא דרגא, וואס מע מאג זיא רופען, מיט דעם נאמען «באקאנטשאפט» נאר אז דיא «בעקאנטשאפט» איז בעשטעטיגט געווארין; דאן איז זיא געווען, מיט אלע «הדורים» מיט אלע «קליפערלעך» וויא דער דין, אונ מנהג איז, ביי אלע ראמאניסטין!

באריס מארקאוויטש מיט זיין פרויא, האבין פון זייער באקאנטשאפט געקוואלען זייא זיינען העכסט צופריעדען געוועזען דער-מיט; ווייל דארע האט אלע מאל געשארפט דיא צאהן, אויף אדאקטאר, אדער א אינזשענער, א. ד' ג' וואס צוא אזעלכע חתנים, ווער ס'וויל זיך צוא זייא, צו רירין, מוז.. אן טאהן 7 פאר העגדסקעס! אזא חתן וויל 10 טויזענט רובל נדן, לכל הפחות!... 10 טויזענט איז ביי זייא אקליינע מטבע דאס לאנגט קאם, אויף 2 יאהר פאר לעבין, אין אויסלאנד!. אונ געבען אזא סומא, האט דער בעמטער ברודער, אויך ווייניג חשק; בפרט מע זעהט נאך ניט ארוים דיא גליקין, פון דיא אלע גיבולבעלטע מיט דעם נחת, פון דיא גאנצע גאלדענע פאן.. אודאי, אודאי, איז דעם ברודער, דער חתן געווען מער לרצון; דארום אויף אלער ארט. וועט ער איצט ווערין נאך מער גיטרייער. גינצינער אין גישעפט. —

# 2.

## אפ געזאגט.

פון טאג צוא טאג, פון וואך צוא וואך. איז דיא «באקאנ־טשאפט» צווישין יעקבן מיט דארען געווארין גרעסער אונ שטארקער

וִיא הָאט גֶע׳שְׁפְּרָאצְט, גֶעוַואקְסֶען וִויא אוֹיף הֵייוֶען, סֵייא אִין טְהֶעאַטֶער, סֵייא אִין בּוּלְוַואר, סֵייא אִין גָארְטִין, אוּמֶעדוּם הָאט מֶען זַייא בֵּיידֶען גֶעזֶעהֶן; אוּנ וָוער עֶס הָאט זַייא גִיזֶעהֶן, הָאט גִיזָאגְט: „אַשֵׁיינֶע פָּאר, אַגְלֵייכֶע פָּאר!“ אוּנ דִיא שֵׁיינֶע פָּאר הָאבִּין זִיךְ פוּן גְרוֹיס בֶּאקַאנְטְשַׁאפְט שְׁטַארְק פַאר לִיבְּט; דֶער עֶרְשְׁטֶער אָנְפַאנְגֶער אִיז אַשְׁטֵיינֶער גִיוֶועזֶען יאקאוו... עֶר הָאט זִיךְ אַייְנְגִילִיבְּט אִין דִיא שֵׁיינֶע דארעז אִיבֶּער דִיא אוֹיעֶרִין; עֶר אִיז גִיוֶועזֶען וִויא בֶּערוֹישְׁט פוּן שַׁארְפֶע מַשְׁקֶה; עֶר הָאט נִיט נָאר דֶעם קָאפּ פַאר לָארִין, נָאר אוֹיךְ זַיין זִכָּרוֹן, מִיט זַיין הֵיילִיגֶע הַבְטָחָה, וָואס עֶר הָאט פַאר שְׁפְּרָאכִין — כְּייא זַיין אָפּ פָארִין פוּן דֶער הַיים — זַיין לִיבֶּע שְׁוֶועסְטֶער קִינְד, זַיין גִילִיבְּטֶע מערקעלען, אַז עֶר וֶועט זִיא עֶווִינ, עֶווִינ נִיט פַאר גֶעסִין, אוּנ קוּמֶענְדִינ אַהֵיים מִיט עַטְלִיכֶע פַאר דִינְטֶע רוּבֵּל, אָדֶער כַּאקוּ-מֶענְדִינ אַ נוּטֶע שְׁטֶעלֶע, זָא כַּאלְד וֶועט עֶר מִיט אִיהר חַתוּנָה הָאבִּין..

צֵייט עֶר הָאט דֶעם גְרוֹיסֶען גְלִיק גִיהַאט צוּא דֶער קָאנֶען דארעז, הָאט עֶר אַלֶעס פַאר גֶעסִין, עֶר הָאט אִיצְט גִיהַאט אַיין מַחְשָׁבָה, אַיין גֶעפִיהל, אַיין רָצוֹן — דארעז — אוּנ דִיא אַלֶע זַאכִין וָואס גִיהֶערִין נִיט צוּא דִיא מַחְשָׁבָה, אִיז אַלֶץ גִיוֶועזֶען אִיבֶּעריג, גִישְׁטְוֶוערְדִינ, אוּנ פַאר גֶעסִין!

אוּנ דארעז הָאט אוֹיךְ זַייעֶר גִישְׁטֵייבִּירְט. חַנָם דֶער שְׁפִּייכִיל אִיז גִיוֶועזֶען פַאר אַמֵבִין, אַייז קַאלְט; נָאר יאנקעלע אִיז גִיוֶועזֶען אַזוֹיא צוּא קָאכְט, אַזוֹיא צוּפְלַאקֶערְט, אַז עֶר הָאט נָאר נִיט גִישְׁפִּירְט; אָדֶער עֶר הָאט גִירֶעכִינְט, אַז אִיצְט.. אִיז זִיא נָאךְ שְׁטָאלְץ נֶעגִין אִים... אוּנ זָאגְט אִים נִיט אַרוֹיס דֶעם גַאנְצִין אֶמֶת, וִויא עֶר אִיר; זִיא הָאט אִים גִיפִּירְט, גִיצְווּנְגִין, גִישְׁפִּיכִילְט אוֹים גִיזְווּנְגִין דִיא בְּלוּט פוּן הַארְצִין, פוּן אוּנְטֶער דִיא נָאגִיל; עֶר הָאט זִיךְ גִיצַאפִּילְט, גִיוֶועזֶען גְרֵייט בְּלִיהֶן, שְׁפְּרִינְגִין, אִין פַייעֶר,

אדארטאר      אִין

אין וואסער, פאר איר יעדער קוק, פאר איר יעדער וואונק מיט דעם ברעם... ער האט גיהאט גרוים עהרע, מיט גרויס גליק, אז ער האט אירע ווייסע האנדלעך אפ געשאמין מיט פייערדיגע קושין; ער האט דיא גרעסטע זכיה, ניהאט אז ער האט איר שטילערהייט ניגעבין אקוס אויפין שטערין, אונ זיא האט זיך גיט געביינזערט — זיא האט צוגישמייכעלט.

יאקאוו האט שוין גיטראכט, אז דיא מען זאל ער מגלה זיין, זייער ליבע, איר ברודער, זיין ווירמה; בעטין זיין איינשטימונג מיט זיין ברכה; יאקאוו האט בייא זיך אין הארצין, שוין לאנג, זיך גירעכינט, אז ער איז דעם גבירש — שוואגער! אונ מיט אמאל, האט ניגעבין אבלאז אוויגטיל פון דער קאלטער זייט; יאקאווס הימיל, האט זיך באלד פארצויגין, מיט צוואלקין מיט א פינסטערנעס, מיט א גרויסין חשך; בייא אים איבערין קאפ האט אנגעהייבען שיטין, גיט נאר שנעה, מיט האגעל, נאר גאנצע שטיקער אייז... אייז אונ אייז!!

ארעמער יאקאוו!

ער האט גיט גיוואוקט, אז דיא פריילין דארע מארקאווגע האט מיט א יאהר צוריק, פאר זיין אנקומען צוהער, גיהאט גרויס בעקאנטשאפט מיט א גיענדינטען יונגען מאן סאלימאן לאזעראוויטש דראטווע, וואס האט אויס גישטודירט אויף דאקטאר דארעש אידעאל, דיאביידע דער דאקטאר דראטווע מיט דארע זיינען שוין גיוועז אזויא שטארק איינגעקאכט, איינגעקליפעט איינע אין דיא אנדערע, מיט אייזערנע צוואנגען גיט אפ צוא רייסין; גאנץ מארטעבוג וועלקע האבין זיך גיגרייט, מע האט גירעט, אונ דער צייט, מע האט געקליבען גסת מיט פרייד, פון סאלימאנען מיט דארען, אונ אלע האבין מקנא גיווען, אז דאס זיינען חתן כלה...

פים אדראקטאר

מִיט אַמָאל אונ וואו מִיט אַמָאל אִיז תָּמִיד אַצָרָה! מִיט אַמָאל הָאט זִיךְ אִין דָער מִיט אַרַיין גִימִישְׁט אַפִּינְטָעלֶע נִיט מֶער וִויא אַ פִּינְטֶע—לֶע! אונ דָער פִּינְטָעלֶע אִיז פַאר וַואנְדֶעלְט גִיוָוארִין אִין אַיין גְרויסֶע שְׁטִיק אַייז.

הֶערְט אַמַעשֶׂה!

דָער דָאקְטָאר סאלימאן לאזערעוויטש דראטווע, הָאט גַאנְץ פְרֵייא אַרויס גֶעזָאגְט, אַז זַיין יִחוּס, זַיין וָועהְרָדע, אִיז גָאר קֵיין קְלֵיינִיקַייט נִיט; גְרעסֶער פוּן אַדָאקְטָאר, מֶער חָכָם פוּן אַדָאקְטָאר מֶער לַייט מֶער מֶענְשׁ, נִיט נִיט אוּנְטֶער דָער זוּן; בִּפְרַט, — אִיהר פְאר שְׁטֶעהט? — בִּפְרַט אַז עָר הָאט זִיךְ פוּן זַיין טַאטִין לייזערקע דָעם שוּסְטֶער שוֹין לַאנְג אָפּ גִיזָאגְט, אונ וִויל פוּן דָעם נַארִישֶׁען שׁוֹטֶה, וָואס הָאט זִיךְ כָּל יָמָיו, מִיט זַיין טִפְּשָׁה-דִיגֶע עֵייפ, מוֹסֵר נֶפֶשׁ גִיוֶועןֹ, כּוּן זַיינְט וֶועגִין, נִיט וִויסִין, אִיהר הֶערְט? אַפִּילוּ זַיין מַאוּסִין פָּנִים וִויל עָר נִיט אָן קוּקִין.. עָר וִויל נָעבָּעךְ, זַיין זִכָּרוֹן אוֹיס מֶעקִין, עָר הִיט זִיךְ פוּן נִיט צוּא בַּאגֶעגִינֶען זִיךְ מִיט זַיין אוּנְגְלִיק.. (עָר רוּפְט דָעם טַאטִין מִיט זַיין מַאמֶען — מַיין אוּנְגְלִיק;.. אָט וָואס עֶרְטֶע בִּילְדוּנְג אִיז,) נָאךְ מֶער וִויא אָפּ צוּ וַואשֶׁען דִיא הָאנְד פוּן אַטִיפָעסְדִיגִין חוֹלֶה; אוּנ וִויא בַּאלְד, אַז עָר אִיז פְרַייא פוּן דָעם הָארְב, מִיט דִיא טָארְבֶּע, אִיז עָר דָאךְ טַאקֶע אַיחְסָן, אוּנ מָאג שְׁטָאלְץ זַיין מִיט זַיין בִּילְדוּנְג, מִיט זַיין אַטֶעסְטַאט; אוּנ מָאנ וָועלִין נָאר 20 טוֹיזִינְט רוּבְּל נַדַן, מִיט אַבַּת מַלְכָּה.. אוּנ אַז עָר הָאט דָער הֶערְט, אַז אִיר בְּרוּדֶער דָער.. דָער.. דָער.. גְבִיר, נִיט נָאר 3 טוֹיזֶענְט רוּבְּל אִיז עָר דִיא מִינוּט אָפּ גִישְׁטַאנֶען וִויא דִיא שְׁמִירֶעכְטֶס פוּן אַוַואנְט סְ'אִיז גִיוָוארִין אוֹיס וִוינִימִין, אוֹיס לִיבְּשַׁאפְט, מִיט אוֹיס רָאמַאן, אוּנ אִיז אַוֶועק גִיפָארִין אִין אַגְרוֹיסֶע שטאדט

אדאקטאר

שְׁטָאדְט, מִיט דֶעם אוֹיסְבְּרֵייד, וַוייל דָאךְטִין אִיז מֶער פְּרַאקְטִיקָע, נָאר זַיין אֶמֶת׳ע כַּוָנָה אִיז גִיוָועזֶן, אִיבֶּער שְׁרֶעקֶין דארין מִיט אִיר בְּרוּדֶער, וָואס אִין גְרוּנְד הָאבִּין זַייא זִיךְ אוֹיךְ נִיט גִישְׁרָאקִין, דארע הָאט זִיךְ גִיקְלֶערְט, אַז אַזָא בְּלָה בַּאקוּמְט עֶר נִיט, וִויא אִיךְ, אֶפְשַׁר גֶעלְט, טאקֶע מֶער אַבִּיסִיל, אָבֶּער נָאר גֶעלְט; אוּנ וִויא דָאס אִיז, דוּא יָאגְסְט דוּא טְרַייבְּסְט דֶעם טַאטִין פוּן זִיךְ, אוּנ דָאךְ ווייסִין אַלֶע אַז דוּא בִּיזְט אַ שׁוּסְטָערְס אַ זוּהְן.

דֶער נַויילֶע אִיז פוּן דֶעם רָאמַאן גִיוָואךִין תֹּהוּ וָבֹהוּ; דארע הָאט אַנַוייל אִים בָּעדוֹיעֶרְט אִין הַארְצִין, הֲגַם זִיא הָאט דֶעם אֶמֶת׳ן הָאפְנוּנְג אוּנ בִּטָחוֹן נִיט פַאר לָארִין; אוּנ כְּדֵי דִיא מַארְץ זָאל נִיט בְּלֵייבִּין אָן צַרָאמַאן, וָואס דָאס אִיז עֶרְגֶער וִויא צַרָאמַאן אָן אַהַארְץ ... הָאט זִיא זִיךְ פַאר נוּמֶען מִיט דֶעם נַייֶעם רָאמַאן פַאר פִירְט אַלִיבֶּע מִיט יאקאוועז, אוּנ דִיא שֵׁיינֶע נַארֶעשָׁע מֵיידִיל הָאט זַייעֶר קוּנְצִיג גִישְׁפִּילְט אִיר רָאלֶע, אוּנ הָאט דֶעם חָבֵר דֶעם קְלוּגִין יוּנְגִין מַאן, פַאר דְרַייט זַיין קָאפּ, אַז עֶר הָאט גֶע-וואוּסְט, וואוּ עֶר אִיז אוֹיף דֶער וֶועלְט. —

דָאקְטָאר דראטווע הָאט זִיךְ אַתְּאַלְבּ יָאהר צַייט, אַרוּם גִידְרֵייט אִין אַ גְרוֹיסֶע שְׁטָאדְט, גִיזוּכְט פְּרַאקְטִיקֶע, אוּנ נִיט גִיפִינֶעֶנְדִיג. נִיט קֵיין פְּרַאקְטִיקֶע אוּנ נִיט קֵיין רֶעכְטֶע בַּאלִיבְּטֶע מִיט אַ 20 טוֹיזֶענְט רוּבֶּל, הָאט עֶר אוּיס גִיבֵּייטִילְט אַל דִיא בֵּייזֶע הַלוֹמוֹת, צוּא דִיא אַלֶע גְרָאבֶּע נְפָשׁוֹת, וָואס פַאר שְׁטָעהְן נִיט וָוער עֶר דראטווע אִיז, אוּנ הָאט זִיךְ אוּמְגִיקֶערְט צוּא דארען...

אוּנ דארע וָואס הָאט גִיטְרוֹיסְט אוֹיפִין וָואהר, פוּן אַדָאקְטָאר

אִיר אדאקטאר

איר חשנה אונ חשק צוא זיין דאקטערשע איז גרעסער גיוועזן, וויא איר עצם חשק צום דאקטאר; האט דיא זעלבינע מינוט וויא זיא האט באקומען אקארטעשקע פון דאקטאר דראטווע, אז ער איז צוריק אהער גיקומען, אונ גיארט זיך זעהן מיט איר, זיך אפ גיטרייסילט פון יאקאווין, וויא אהון פון אש... זיא האט כהרף צין אפ גישניטין אונ איבער גיריסין אלע בעקאנט-שאפטין מיט אלע ליבעס צוא אים; אין דעם זעלבינין אווינד, אז יאקאוו, וואס האט נאך, פון קיין צרה ניט גיוואוסט, איז וויא תמיד גיקומען צוא איר, האט זיא דורך דיא דינסט אים גילאזין זאגין, דיא פריילין דארע, זיצט איצט מיט איהר היינט גיקומענעם חתן, דאקטאר דראטווע, ווען איהר, וועט זיא נייטיג זיין, וועט זיא שיקין אייך רופין, אונ פון דיא עטליבע גיזאגטע ווארטער, האט יאקאוו פארשטאנען נאך מער וויפיל מע באדארף אז ער האט ניט גיחלשט דארט אויפין ארט, אונטערין טידר, איז אהימן (אז ער האט אזעלכעס גיט גילייענט, אין קיין ראמאן) איז ער שטארקער פון אייזען, ... מיט דיא רעצטע ביסעלע כחות האט ער זיך, אזעלכ גיקארבעט אהיים, אצומישטער, אצוטומעלטער, אונ וויסענדיג בייא זיך, אז ער האט זיא אמתדיג ליב, אונ אז דער פאטש אין פנים, איז אים אגרויסער, אשרעקליכער בזיון, האט ער באלד צוא זאמען גיפאקט זיינע הפצים; דער נאך האט ער זיך גיזעגט אונ אנגעשריבין אבריפעלע, וועלכען ער האט, פאר באי פארינדיג אפאסט—בריפען קאסטין, אים אביין גיווארפין, אונ איז אוועק גיפארין. —



# 3.

## גִיטָא קַיין בְּרִיף, קַיין יְדִיעָה.

מערעלע הויפטפיק, איז אַמאָמָזעל בּיים עָלְטָער פוּן 20 יָאהר. דיא נאַטוּר האט זיא ניט בּעשׁאנְקען מיט אַסאַך שׁיינְקייט אוּנ מיט איבּעריגען חן, נאר וָוען-קיין מאוּסערע זאָלין ניט זיין; וואָלט קיין פּרוֹיענְצימער ניט גידאַרְפְט זיך בּעקְלאָגין אוֹיף איר פאר אוּמערְטָען לעבּין נאר בִּמְקוֹם דעם חסרון, וָואס מע האט זיא ניט דער נעבּין צוא שׁייַנְקייט האט דיא השגחה, זיא איין נעטהיילט מיט דער פוּלער האנד, מיט אַנְדערע מעלות, קְלוּג, פארשׁטאַנְדיג, אגוּטין זִכָּרוֹן, מיט אַזיסע שׁטימע צוּם זינגען; מיט איר שְׁוָועסְטער קינד יאנקעלע הויפּטפּיין, האט זיא זיך גיליבּט, פוּן דיא עֶרְשְׁטע קינדהייט; בּיידע האבּין זיך כּמְעט אין איינעם ערצוֹינְען, נעוואַקְסען, נעלערענט, בּיים עָלְטָער פוּן 13 יָאהר, זיינען זייא אוֹיף אַבּר יָאהר צוא שׁיידט געוואָרין, יאנקעלע איז אַוועק ניפאָרען לערְנען, ערנעץ אין דער פֶרֶעמְד אוּנ בּייא מערעלען איז אָפּ גישׁטאָרְבּען דער פאָטער, יאנקילס פעטער; נאר דער פאר אַז דיא זיינען ווידער צוא זאמען געקוּמען, איז זייער אהבה געוואָרען גרעסער אוּנ

שׁטארקער אדאטקאר

שְׁטאַרְקֶער, סערעלע איז גֶעוָעזען אַ יָאהר 18, אונ עֶר יאנקעלע מִיט אַ יָאהר אָדֶער 2 עֶלְטֶער; דָעם מָאהל הָאבִּין זַייא זִיךְ אָן גֶעקוּקְט מִיט אַנְדֶערֶע אוֹיגֶין, זַייא הָאבֶּען זִיךְ בֶּעטְרַאכְט מִיט אַנְדֶערֶע בְּלִיקֶען... דָעם מָאל הָאבִּין זִיךְ בֵּיידֶע וִויא גֶעשֶׁעמְט נָאר דֶער נָאךְ אַז זַייא הָאבֶּען דיא בּוּשָׁה אַיינְגֶעשְׁלֶעפֶּערְט, הָאבֶּען זַייא זִיךְ אוֹיס גֶערֶעדְט אוֹיסְדֶערְצֵיילְט אַיינֶע דיא אַנְדֶערֶע זַייעֶרֶע רַעיוֹנוֹת, זַייעֶרֶע מַהְשָׁבוֹת... אונ בֵּיידֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְרֵייט וָואס זַייעֶרֶע מַחְשָׁבוֹת זַיינֶען בַּייא בֵּיידֶען גְלַייךְ, וָואס דיא הָערְצֶער זַייעֶרֶע הָאבֶּען אַיינֶע נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט! דִיא שְׁוָועסְ-טֶער קִינְדֶער הָאבֶּען בֶּעשְׁלָאסֶען, אונ בֶּעפֶעסְטִיגְט מִיט אַלֶע הַיילִיגְסְטֶע וָוערְטֶער, אַז זַייא בֵּיידֶע מוּזֶין זִיךְ נֶעמֶען, סַיידֶען דֶער טוֹיד וָועט זַייא צוּא שֵׁיידִין, אָמֶת זַייא זַיינֶען דֶער וַוייל נִיט רַייךְ בֵּיידֶע, נָאר זַייא הָאבֶּען גֶענוּג צַייט, זַייא וָועלִין זִיךְ יֶעדֶער צוּא גְרֵייטִין צוּא זַייעֶר גְלִיקְלִיכֶען פַאר אַיינְגֶעגוּנְג, וויפִיל מֶענְגְלִיךְ וָועט זַיין; בַּיים גְלִיק דַארְף מֶען פִיל נִיט הָאבֶּען, וָוערְט פוּן אַבִּיסֶעלֶע אַסַאךְ, בַּיים אוּנְגְלִיק הֶעלְפְט נִיט, דיא פִיל, וָוערְט פוּן אַסַאךְ — טֵיינִיג, —

אַ יָאהר צַייט הָאט זִיךְ דִיא לִיבֶּע בַּייא בֵּיידֶע שְׁוֶועסְטֶער קִינְדֶער גֶעפִיהרְט, פִּינְקְטְלֶעךְ וִויא זַייעֶרֶע הֵיילִיגֶע וֶוערְטֶער פוּן יֶענֶעם גְלִיקְלִיכֶען אָוֶוענְד, וָואס בַּייא זַייא אִין דֶער לִיבֶּעס בּוּנְד גֶעשְׁלָאסֶען גֶעוָוארֶען; נָאר דָא הָאט יאנקעלע עֶרְהַאלְטֶען אַ בְּרִיף פוּן אַנְטְקֶען פְרֵיינְד, עֶר זָאל פָּארִין קַיין ב... דָארְט עֶרְוַוארְטֶעט אִיהם אַ שְׁטֶעלֶע, בַּיים אַוֶועק פָּארִין הָאט עֶר זִיךְ ווידֶער זַייעֶר נַוארֶעם גֶעזֶעגֶענְט מִיט סערעלען; בֵּיידֶע הָאבֶּען גֶעוַויינְט, גֶעוַוייגְט מִיט אָמֶת, בֵּיידֶע הָאבֶּען ווידֶער צוּגֶערוּפֶען דָעם אַיינְצִיגֶען עֵדוּת, מִיט הִימִיל אונ עֶרְד, אונ יאנקעלע אִיז אַוֶועק גֶעפָארֶען...

פון ב . . ., הָאט עָר אין פֿאַרלויף אַ חוֹדֶשׁ צייט צו איר געשריבּען זייער אַתייסין בּריף, אַז פון יענע שְׁטעלע, איז נישט געוואָרען, ער פָארט אַוועק ווייטער, און ווייטער. און וואו נאט וועט אים העלפען, וועט ער איר בּאַלד שְׁרייבּען.

מערעלע הָאט אָנגעהייבּען וואַרטען . . . און וואַרטענדיג איז בּייא איהר אָפּ געשְׁטאַרבּען איהר ליבּע מוטער, דיא איינ־ציגע שְׁטיקעלע טְרייסט און האָפנונג, אויף וואָס זיא הָאט זייער פיל געבּויט; זיא איז געבּעך געבּליבּען עלענד, פאַר טְרויערט, פאַר צאָגט. זיא הָאט נאָר ניט געוואוסט וואָס זיא זאָל אָנהייבּען טאָהן, וויא זאָל קאָנען עטוואס פאַר דיענען, זיך אויף הוֹצָאוֹת, אויף אַשוּך און קלייר . . .

דאס זיינען שוין 3 חֳדָשִׁים און אַ האַלב יאָהר, און פון יאנקלען איז ניט דא קיין בּריף . . . קיין יְדִיעָה; שלעכטע חֲלוֹמוֹת, בּייזע דמיונות האָבּען איהר מוֹדִיעַ געווען, אַז זיא הָאט שוין ניט קיין יאנקלען . . . ער איז שוין געשְׁטאָרבּען פאַר איר . . . דיא הַאַרץ הָאט איר אויך, בּיטערע נְבִיאוֹת געזאָגט, אַז יאנקעלע הָאט געוויס אַשענערע אַרייכערע געפונען, און הָאט אויף איהר פאַר געסען, זיא הָאט אים, אויך זיך בּאַקלאָגט בּאַוויינט, נאָר דאס הָאט נאָר נישט געהאָלפען;

דיא הַשְׁגָחָה הָאט אָבּער דיא עלענדע יְתוֹמָה, ניט געלאָזען זיך הֶפְקֵר, זיא הָאט איהר צוא געשיקט אַ שְׁטראַהל ליכטיגקייט אין איר גרויסען חשך . . .

דיא זעלבּיגע צייט איז געקומען אין שְׁטאָדטעל אַ אידעשע טְרופּע אַקטְיאָרען מיט אַקטְיאַריצעס, אויף אַ פאָר וואָכען צייט

אדאקטאר                    זיכענדיג

וועגדינג זיך קוואטירען וואס בעסער אונ וועלוועלשער, האבען פיר פרוזיענציטער זיך פאפאדעט צוא מערעלען אויף קוואטיר דיא ארעמע מיידיל האט זייא צוא גענומען מיט גרויס חדוה מיינענדיג, זיא ווערט פון זייא גליקליך, הגם זיא האט פאר איינינע טעג זיך דערוואוסט, אז זיא וועט פון זייא ניט נתעשר ווערען, דאך איז זיא זייער צוא פריעדען געוועזען. דער מיט וואס זייא זיינען פריילליכע לוסטיגע נשמות, זיא פארברייינגט דיא יאהרין, נאר אין טאנצין, שפרינגען זינגען, אונ מערעלע האט באלד גענאסען, אפאר שיינע לידעלעך, וואס זיא האט זייא איבער געזוונגען מיט אזויא פיל עפעקט, אז דיא אקטיאריצעס זיינען אויפגיציטערט געווארען, זייא האבען אויסגעלאצט אויף מערעלען אזעלכע גרויסע אויגען, וויא זייא וואלטין איר וועלין איינשלינגען. —

זייא האבען מערעלען אנגעהייבען איין ביידען, אונ צוא ביידען, זיא זאל זיך פאר דינגען צוא זייא אויף איין יאהר צייט; זייא האבען איר פאר זיכערט אז זיא וועט 2 הונדערט רובל גרייטע געלט, געווים צוא זאמען קלייבען פאר דעם יאהר, חוץ קליידער מיט מתנות, אונ זייא האבען איר איבער גערעדט, אונגעריכט, אונגעטראכט איז מערעלע ארויס אויפין סצענע, איהר צייט איז זיא מיט דיא גרופע אומגעפארען אויף דער וועלט; זיא האט געזעהן אי נחת, אי צער, אי לייד אי פרייד; אונ נאך אלעם דעם, האט זיא ניט פאר געסין איר יאנקעלען, צפ ל: זיך איין רגע, אין יענע מינוטין, וואס זיא איז געשטאנען אויפען סצענע געשפילט איהר ראלע, האבען איהרע אויגען געבלאנזעט, געזוכט אין דער גרויסער "טאלפא" איהר ליבען יאנקעלען; אין יענע מינוטען וואס זיא האט גערוהט, געדרעהמילט, איז יאנקעלע געשטאנען פאר איהרע

אויגען, זיין געזיכט האט געשוועבט און געלעבט אין איר מחשבה; נאר פון יאנקעלען איז ניט דא קיין בריף, קיין ידיעה; —



## 4.

## דער שלאפט געשמאק.

צוויי קלאפט, צוויי שלאגען, צוויי בראכין אלע אברים, אזא נערינגער, א מידער, מיט אקאפ ווייטאג א אנגעבלאזענעם קאפ, פון תינד, איז יאקאוו הויפטפיין, צוויי געפארען, שוין שפעטער פאר נאכט צוויי דיא אידעשע אכסניא „הונגער לייד" אין דיא אידעשע שטעדטעלע נפוצותאוועקע מיט דעם ערשטין בליק, אויף דעם אויסערין ואַרעמען אויסזיכט פון דיא אכסניא, האט יאקאוו געוואלט זאגין זיין בעל עגלה. ער זאל אים פירין ערגעץ, צוויי אחשובערע איינפאר הויז נאר ער האט ניט צייט געהאט, עפענען זיין מויל, איז שוין געשטאנען ביים פור אהויבער שווארצער איד, מיט א שווארצע לאנגע פאר שמאל-צעוועטע קאפאטע, ארום געגארטעלט מיט א שווארצען לאנגען גארטעל, וואס טהיילט איבער דעם לאנגען אידען, אויף ריכטיגע 2 חלקים, אונ האט באלד אראפ געהאפט פון פודר דעם

גְרױסען מְשָׁעמַאבאן, אִים שְׁלֶעפְּענְדִיג אָן װָערְטָער אִין שְׁטוּב אַרַײן; אַז דֶער אִיד מִיט דָעם מְשָׁעמָאדַאן זַײנֶען שׁױן בַּײם מִיהר גֶעװָעזען, אִיז יאקאװ אַרָאפּ גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן װָאגֶען, לױפֶענְדִיג נָאךְ דָעם אִידֶין אוּנ שְׁרַײעֶנְדִיג: װַארְט אַװַײלֶע, רֶבּ אִיד װַארְט! לױפְט נִיט! דֶער אִיד אִיז אַפְּנִים נִיט נִתְפָּעל גֶעװָארֶען, ער הָאט זִיךְ אַפִילוּ נִיט אוּמְגֶעקוּקְט, גְלַײךְ װִיא עֶר אִיז גִיט קֵיין מְחוּיָב הָערֶין, װָאס אוֹרְחִים זָאגֶען; נָאר יאקאװ הָאט אִים אָן גֶעיָאגְט אוּנ נָאךְ גַײעֶנְדִיג דָעם מְשׁוּגָהם אִידִין מְרִיט אִין טְרִיט, הָאט עֶר דֶער װַײלֶע בַּאקוּקְט אוּנ בֶּעטְרַאכְט, דִיא גְרױסֶע אוּנ-ריינְקַײט, דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע אוּנְצִיכְטִיגְקַײט, מִיט דִיא אוּנְגֶעהַײעֶר גְרױסֶע צָרֶעמְקַײט, װָאס קוּקְט אַרוֹים פוּן יֶעדֶער טִיהר, פוּן יֶעדֶער צִימֶער, פוּן יֶעדֶער װִינְקֶעלֶע; אַזַא אָרֶעמֶע אַכְסַנְיָא, הָאט עֶר, לְפָּחוֹת בִּיז אִיצְט נִיט בַּאגֶעגְנְט, נִיט גֶעזֶעהן!

צוּם לֶעצְט הָאט דֶער אִיד גִיעֶפִינְט אַטִיהְרִיל פוּן אַקְלֵיינֶעט צִימֶערִיל, אִין װָעלְכֶען סְ׳אִיז גִיוָען אַקְלֵיין טִישְׁל, מִיט אַצוּבְּרָאִי כֶעגֶע קוּשֶׁעטֶקֶעלֶע, אוּנ אַהֶער אִיז דֶער אִיד מִיט דָעם מְשָׁעמָאדַאן פַּאלֶענְדִיג אַרַײן גֶעפַאלֶין, נִיט קָאנֶענְדִיג חַאפִּין אוּנ אָפְּצִיהֶען דָעם אָטְהוּם...

אַטַײעֶרֶערֶער צִימֶער, אַלִיכְטִיגֶער, אַצִיכְטִיגֶער, דָעם בֶּעסְטִין צִימֶער, אִיהר פַּאר שְׁטֶעהְט? דָעם בֶּעסְטִין מַיין הַארִינְקֶע... גִיבּ אִיךְ אַײךְ אָפּ... אִיהר װֶעט מִיר דַאנְקֶען... זִיצְט אִיהר דָא, אוּנ אִיךְ װָעל בַּאלְד אַרױף טְרָאגֶען דִיא אִיבֶּערִיגֶע חֲפָצִים, זַײנְט זִיכֶער, דָא זַײנֶען עֶרְלֶעכֶע מֶענְשֶׁען, מֶע גֶעמְט נִיט מְהַײעֶר אוּנ פַארְגִינְגִין אַסךְ, אִיהר קְלֶערְט דָא אַצַײט צוּא פַאר בְּרַײנְגִין? אִיהר הָאט דָא מִסְתָּמָא גִישֶׁעפְּטִין? אִיהר זַײנְט גֶעװָעזִים אַסוֹחֵר! יָא? אַיָא אַסוֹחֵר! בְּוַדַאי פוּן דִיא מְקוֹמוֹת.. װָאס אִיז אִיךְ

זעה ניט? מיר דערקאנען שוין ביה א מענשין! יא יא, אז מע מ.ז פארין, פארט מען, דא זיינען אויך דא אהיפש בימעלע צוא גענעצטע . . . אונ איער עגל, דעם בעל עגלה צריין רופען אהער? איהר דארפט אים יפעם דערצאלין, אדער ער וועט דא ווארטין אויף איך? . .

אט דיא אלע פאר שיידענע ענינים, האט דער שווארצער אידל אפ געזאגט, אין איין אטהום, וויא דעם קאפיטל „לדוד אורי" זיך ווישענדיג ווייסע ווייז, מיט דיא רעכטע פאלע, דעם שוויים פון זיין שטערין, שאפענדיג, חראפענדיג, אהן אטהום, פון דיא משא וואס איז צוא שווער פאר זיינע כוחות.

באלד איז געווען געבראכט, דיא איבעריגע חפצים מיט דעם עגל דעם בעל עגלה, אונ אלעם איז כהרף עין פארטיג געווען. —

יאקאוו האט געבעטען מען זאל אים ברייגגען א סאמאוואר אליכט, וואס דאס האט געדויערט אקארגע שעה, איז אלעם געבראכט געווען; אויפען טיש איז געשטאנען אסאמאוואר איז ער מיט איין פארב, מיט איין צוועט, וואס דער פאטאלאק מיט דיא ווענט, מיט דעם פאל, שווארץ, חשך, פינסטער; דיא ליכטילע האט אויך זייער אומעדיג געברענט, אונ זייער ווייניג געשיינט; אלעם איז געווען נאטור וויא ביי יאקאוון אויפין הארצין; ער האט זאכט אוים געטרונקען אפאר גלעזער טהיי; אומגייענדיג הין אונ העד איבערין צימער, אונ בעטראכטענדיג וואס מיט איהם טהוט זיך, פון וואנען ער לויפט, אונ וואו היען ער איז געקומען, וואו ער איז, פון נעכטין ביז היינט סנוקגל געווארען, אונ גרויסע טרערין, האבען זיך ארויסגעקייקילט

פון זיינֶע אויגֶען, און זֵי גֶען אַרָאפּ גֶעפַאלֶען אויף דֶעם שְׁנַאךְ-
צֶען בְּלָאטִינֶען פָּאל...

און אֶפְשַׁר...

וֶוער ווייס?

הָאט אַבִּיטֶערֶע מַחְשָׁבָה אָנְגֶעהֵייבֶּען פְּלוּצְלוּנְג, פִּיקִין יאקאווין אִין קָאפּ: אֶפְשַׁר שְׁטְרָאפְט מִיר גָאט, פַאר מַיין עַוְלָה. מִיט מַיין כַּלָה, מִיט מַיין שְׁוֶועסְטֶער קִינְד! וֶוער ווייס וויפִיל טְרֶערֶען זִיא הָאט פַאר גָאסֶען! ווֶער ווייס, וואו זִיא וֶועלְגֶערְט זִיךְ גֶעבֶּעךְ, און אִיבֶּער וֶועמֶען? אִיבֶּער מִיר!... און נָאךְ הָאבּ אִיךְ טַעֲנוֹת? נָאךְ הָאבּ אִיךְ אַיין עַזוּת, בֶּעטִין בַּייא גָאט, עֶר זָאל הֶערִין מַיין גֶעבֶּעט, עֶר זָאל הארְט בַּאשְׁטְרָאפֶען, דִיא שְׁלֶעכְטֶע, דִיא פַאלְשֶׁע דארען!.. זִיא אִיז דִיא פַאלְשֶׁע.. און אִיךְ? אִיךְ בִּין אַצַדִיק? אָט אַזוֹיא גַארֶען מִיר זִיךְ אַלֵיין, און הָאבֶּען טַעֲנוֹת מִיט גָאט, אַה אַשְׁאנְדֶע!.. אָבֶּער גֶענוּג, אִיצְט פָאר אִיךְ אַהֵיים, אַהֵיים! און אויבּ אִיךְ גֶעפִין אִיר, אַז זִיא וַוארְט אויף מִיר, אִיז זִיא מַיינֶע!

מִיט דִיא מַחְשָׁבוֹת, הָאט זִיךְ יאקאוו אַוֵוייל אוּם גֶעצוֹיגֶען אויף דִיא קוּשֶׁעטְקֶעלֶע, גָאר בַּאלְד הָאט עֶר זִיךְ אויף גֶעהֵייבֶּען און הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען בַּאקוּקֶען, בַּאטְרַאכְטֶען דִיא 2 שְׁנַאכֶע טִיהרֶען, וָואס זַיינֶען פוּן מָאחל דוּרְךְ גֶעלֶעכֶערְט און צוּא עֶסִין, גֶעמַאכְט פוּן דִינֶע, גַאנְץ דִינֶע בְּרֶעטְלֶעךְ, קוּמֶען אַרַיין אִין זַיין קְלֵיינֶעם צִימֶער, און אַזוֹיא וִויא עֶר הָאט גֶעלְט בַּייא זִיךְ, אִיז כִּמְעַט מוֹרָאדִיג צוּא שְׁלָאפֶען דָא.

גָאר זַיין מְדִיקַייט, מִיט זַיין צוּבְּרָאכֶענְקַייט, הָאבֶּען צוּא גֶענוּגֶען זַיין מוֹרָא; וִויא נָאר, עֶר הָאט זִיךְ ווידֶער גֶעלַייגְט, אוֹיף זַיין גֶעלֶעגֶער, הָאבֶּען זִיךְ זַיינֶע אוֹיגֶען בַּאלְד צוּא גֶע-שְׁלָאסֶען, עֶר אִיז אַנְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען זַייעֶר גֶעשְׁמַאק, שׁוֹין אַצַייט, הָאט עֶר אַזוֹיא גִיט גֶעשְׁלָאפֶען.



## 5.

## וִויא דוּא ווילְסְט זִיךְ.

וִויא לַאנְג יאקאוו אִיז גֶעשְׁלָאפֶען, הָאט עֶר פוּן זַיין טַאטִּ׳ס זַיינְגֶעריל, וָואס הָאט זִיךְ אִין וָועג גִישְׁטֶעלְט, נִיט גֶעקָאנְט וִויסֶען, נָאר זַיין אוֹיף הַאפֶּען זִיךְ פוּן שְׁלָאף, אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט שְׁרֶעק, מִיט אִיבְּעט, וִויא אִימִיצֶער וָואלְט אִים עֶפֶּעס גֶעזָאגְט, אָדֶער גֶעשְׁרִיעֶן וִויא אִימִיצֶער וָואלְט אִים גֶעוָועקְט; נָאר אִין אֶמֶת׳ן הָאט אִים קַיינֶער נִיט גֶעוֶועקְט, אוֹיף גֶעכַאפְּט הָאט עֶר זִיךְ פוּן דֶעם לַיארֶעם, פוּן דֶעם גֶעשְׁרֵיי, וָואס הָאט זִיךְ דוּרְךְ דִיא פַּאפִּיר דִינֶע טִיהְרִיל פוּן 2 טָען צִימֶער גֶעהֶערְט. —

אַז יאקאוו הָאט דִיא אוֹיגֶען גִיעֶפֶענְט, סאס אִים זַיין האַרְץ וִויא מִיט אַ האַמֶער גֶעקְלַאפְּט, אִין צִימֶער איז גֶעוֶועזֶען פִינְסְטֶער. זַיין לִיבְטִיל הָאט שׁוֹין לַאנְג אוֹיס גֶעבְּרֶענְט; דוּרְך דִיא שְׁפֶּעלְטְלֶעך פוּן אַיין טִיהְרִיל הָאט זִיך דוּרְך גֶעשְׁלָאגֶען, אַיינִיגֶע שְׁטְרִיכְך פוּן אַ שְׁוַואכֶע לִיכְטִינְקַייט אוּנ ס'הָאבֶּען זִיך גֶעהֶערְט ַביינֶע קְלָארֶע וֶוערְטֶער, וִויא אַמַאנְסְפַּארְשׁוֹין מִיט אַבְּאסְאוֶוע שְׁטִימֶע אַגֶען׳

נוּא! וָויא דוּא ווילְסְט זִיךְ!

אִיךְ וִויל, דוּא זָאלְסְט הִיטֶן כַיין עֶארט! . . . . . . .

ַדיין וָוארְט!

דיא וֶוערְטֶער זַיינֶען גֶעוֶוען, מִיט אַיין עֶדֶעלֶע גֶעבֶעטֶע שְׁטִימֶע פוּן אַ פְרוֹיא.

אִיךְ קָאן מַיין וָוארְט, אוֹיךְ הִיטֶן!

אַנָא הִיטֶן, סאלימאן, בִּין אִיךְ דִיר מוֹחֵל!

דוּא בִּיזְט אָבֶער, נַייא מִיר מוֹחֵל. אַנַאר, נִיט אַזוֹיא אַנַאר וִויא דוּם . . .

דוּם . . . דוּם . . .

אָמֶת, אָמֶת, אָמֶת! אַז אִיךְ הָאב גֶענְלוֹיבְּט ַדיין וָוארְט, ַדיין שְׁבוּעָה. . . . נָאר אִיךְ בֶּעט דִיר, סאלאמאן לֶעבֶּען, דֶער מַאן זִיךְ . . .

דִיא וֶוערְטֶער הָאט דִיא פְרוֹיא גֶעזָאגְט, מִיט אַגֶעוַויין, אִין אִיר שְׁטִימֶע הָאט זִיךְ גִיהֶערְט אַקְלָאג, אַנֶעשְׁרַייא, אַ גְוַואלְד, פוּן אַ שְׁלַאפֶע שְׁוַואכֶע פְלִיג, גֶעגִין אַגְרוֹיסֶען גֶעזוּנְטֶען שְׁפִּין, וָואס הָאט זִיא שׁוֹין לַאנְג פַאר פְלָאכְטֶען פַאר וֶועבְּט, ּיַפַאר פְלָאנְטֶערְט, אִין זַיינֶע פַּאאוּטִינֶע, אוּנ זִיא בֶּעט רַחְמִים. . זוֹיג נִיט . . . שְׁמָאקְצֶע נִיט מַיין בְּלוּט.

יאקאווס הארץ, וָואס זיא איז נָאר וָואס, גַאנְץ פְרִישׁ פַאר וואונְדֶעט גֶעוֶוען, הָאט בַּאקוּמֶען אַסאך מִיטְלַייד, אַסאך בַחְמָנוּת, מִיט דִיא פְרֶעמְדֶע, ווילְד אוּנְבֶּעקַאנְטֶע פְרוֹיא וָואס

 ער

ער זעהט גיט, אונ נויים גיט איר פנים אונ וואלט גערין געוואלט זיא באטעוועז, העלפען פון דעם מערדערם האנד, ער האט זיך מיט אנגסט אונ מיט כעס אויף געהייבען פון זיין געלעגער, כמעט ער האט קלאר אונ דייטליך, יעדער ווארט געהערט, אונ האט זיך געשטעלט אונטערין טיהר.

דוא זאנסט: דער מאן זיך, זאג מיר טייבעלע מיינע וואס זאל איך זיך דערמאנען? האט דיא באסאווע שטימע געזאגט אדרבה גיב אקוק אין שפיגיל. זעה אליין, דוא ביזט געטליך שיין, אויף ביין געזיכט ליגט אסאך חן, אהארץ פון אייז, קאן אויך צוא גיין, אמת איך האב דיר געשווארען, פאר זיבערט, אבער ווען? אז איך בין געוועזן צוא מישט, צוא טומילט, ניט בייא מיין דעת, ניט בייא מיין זינען, פון דיין צובערליכע שיינקייט גוא האב איך דיר פאר שפראכין.. האב איך געזאגט.. מאלע וואס מע זאגט אן דעת...

פאר פלוכטע טויזענט מאל טויזענט מאל פאר פלוכטע שלאנג, מיט דיין גלאטינקין צינגעלע וואס איז גלאט, נאטור וויא דעם שלאנגס פעלכעלע קאנסט דוא איבער ביידען אפילו א שטיין! דוא האסט מיר עוויגע ליבשאפט געשווארען, דוא האסט מיר אוועק גערויבט פון אריינען חתן, וואס האט זיך דעם לעבין גענומען איבער דיר אונ מיר!

צוא ערשט האסט דוא אים אונגליקליך געמאכט אינ איצט וואו איז דיין סאנעסט? דיין יושר? בעסער דער טרינק מיר אין טייך, בעסער האק מיר אפ מיט איין מאל מיין קאפ, איידער דוא לאזט מיר איבער, וויא א שפענדעל אויפען גרויסין ים, אין אזא צייט... סאלימאן...

יאקאוו איז געשטאנען אונטערין טיהר, אין געהאקטע וואונדין, איהר יעדער ווארט איז געוועזן באנאסין מיט גיפט. געווייקט אין טרערין באשפריצט מיט בלוט פון הארצין..

אדאקטאר

ער

ער האט געקריצט מיט דיא צײן , ער האט געקוועצט געדריקט זײנע פויסטען ; ער האט פאר זיך אלײן מורא געהאט , ער זאל ניט מאכען אסקאנדאל . . . ער איז איצט ווען גרייט צוא אלעם .

דוא זאנסט טייבעלע , נאנץ ריכטיג , פון אזעלכע טארבעס קאנען ניט בעפרייט ווערין , סיידען מע זאל צובינדין אשווערין שטיין אונ אריין שלײדערין אין טייך . .

אז איך וועל זײן אין טייך , וועסט דוא אויך דארטען זײן , מיין ניט סאליטאן , אז דוא וועסט מיט איר מתונה האבען איך אלײן וועל צוערשט זײן בייא איר , איר דער צײלין אלעם . . .

יא , זיא דערצײלען , נאר ניט לעבעדיגערהייט , אין חלום וועסט דוא מאנען צוא איהר קומען . . .

אחלום וועט זיך אויס לאזען , פון דיינע מחשבות , אחלום פון דיינע עוולות אונ גרויסע זינד . . .

פון דיא נארעשקייט , בגאמנות לאך איך , עוולות , זינד . :

נוא , וואס נאך ? אבונט ריטער , א נהינם מיט יאשצערקעס . . מיט נאך אזעלכע באבעקע נאבאבניעס שרעק מיר ניט , איך האב פאר איין איבער געקערמיען פעלץ קיין שום מורא ניט , בעסער הער מיל אויס , וואס איך וועל דיר זאגין ! דוא בערוהיג זיך אביסעלע , נייא ניט אין כעס , וועט פאר דיר זיין אסאך גלייכער .

איך בין ניט אין כעס , בייד בייד . לאם איך שוין הערען .



## 6.

### וָואס דַארְפְט אִיהר.

דוּא פֿיינְדְט פֿייבְּעלֶע מֵיינֶע, אַז מַיין לִיבֶּע צוּא דִיר וָועט דֶענְסְטְמָאהל גֶעמִינֶערְט וָוערִין, דֶערִיבֶּער אִיז בַיין כַּעַס אוֹיף מִיר אַזוֹיא גְרוֹיס, הָאסְט דוּא מַיין טַייבְּעלֶע, אַגְרוֹיסְען טָעוֹת, דִיא אַלְטָע מֵאוּסָע אַלְמָנָה קָאן אִיךְ נִיט, אוּנ וָועל נִיט לִיבֶּען, אַזוֹיא דוּם בִּין אִיךְ נִיט.

אִיר אַלֵיין הָאבּ אִיךְ פֵיינְט וִויא דֶעם טוֹיד, דוּא הֶערְסְט? וִויא דֶעם טוֹיד פֵיינְד, אוּנ אֶפְשָׁר נָאךְ מֶער, נָאר אִיהר וֶועלְט..

אִיהר גֶעלְט הָאבּ אִיךְ לִיבּ, זֵייעֶר לִיבּ, אוּנ וִויא זָאנְסְט דוּא; הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְט רוּבְּל הָאט זִיא גְרֵייטֶע גֶעלְט, אַזַא גְדֶן וִויא זִיא גִיט מִיר טְרֶעפְט נִיט אַלֶע מָאנְטָאג אוּנ דָאנֶערְשְׁטָאג אִיךְ וֶועל טַאקֶע אַקְלֵיינֶע צֵייט זַיין אִיהר פַּאנְטָאפֶיל.. עֶין פָּאר בַּאסְקוֹרְט, בִּיז אִיךְ וָועל אַבִיין נֶעמֶען אִין יַד דִיא פָּאר מַטְבְּעוֹת... דִיא פָאר מַטְבְּעוֹת... דֶער נָאךְ קוּם אִיךְ צוּא

דיר... נאָר צווא דיר אונ מיר וועלין לעבען אַגליקליכין טאָג; אונ אַז דוא וועסט פּרוּוּצה זיין, וועסט דוא מאַכען זיין גאַנץ גאַהענט געבען מיר, מיט מיר אונטער איין דאַך.. זייא הזהיג, מיין קאָפּ וועט עפּעס בעטראַכטין.

אונ איך האָב שוין בעטראַכט, איך דאַנק דיר סאַלימאַן אַגרויסען דאַנק דיר, פאַר דעם חסד... אַגאַנץ געטרייע עצה, איך וועל זיין בייא דיין רייכע אַלטע מכשפה אגוּוערנאַנטקע, אַהאַרניטשנע, אָדער אַקאָכין, אונ אָפשר אַלע דרייא מסחרים צוּ זאַמען, אונ דיינע .. מיין וניט סאַלימאַן אַז איך ווייס ניט דיא קונצין, מיט דיא אַלע חכמות, מיט דיא עבטע בילדונג פון היינטינע וועלט, פון היינטיגע מענשען, מיט היינטינע לעבענם ... אָבער איך וויל דאָם ניט! מיין גיוועזענער חתן האט געסאַט אַסאַך געלט, אונ דוא נאָר ניט, האָב איך ניט געקוקט אויף דיא גליקען אויף דיא געלט, אַזויא וויל איך, אַז דוא זאָלסט אויך ניט קוקין אויף דיא אַלטע מכשפה, מיט איהר געלט; סאַלימאַן, וואָס האָסט דו צו מיר? וואס ווילסט דו פון מיר!"

—"וואס איך וויל ווייסט דוא שוין, אונ איך וויל דו זאָלסט מיר ניט שטערין... דו זאָלסט מיר לאָזין"...

פאַר שפּאָרסט ריידין, פאַר שפּאָרסט בעטין, איך אַליין וועל זיין דער "שטיין", דער דאָרין, דיא גרוּב, וואס וועט זיך דיר שטעלין אויפין מיטין וועג... איך וועל לויפין, איך וועל שרייען, איך וועל איר דער ציילין, ווער דוא ביזט!..

— דו לאָבסט טייבעלע! אַי דוא לאָבסט!...

— בּייא מִיר גִיסְט זִיךְ בְּלוּט דוּרְךְ דיא אוֹיגֶין . . . בַּאי מִיר פַאר לַייבְּט מַיין הַארְץ מִיט טְרֶערִין ; מִיר אִיז פִינְסְטֶער דיא וֶועלְט . . . דוּ הָאסְט מִיר פַאר דָארְבִּין , פַאר פִּיךְט , אוּנ אִיצְט לָאזְט דוּ מִיר אִיבֶּער , צוּ שְׁפָּאט אוּנ שַׁאנְד . . .

אוּנ נָאךְ דַאכְט זִיךְ דִיר סאַלִימאַן אַז אִיךְ לַאךְ ? . . . דוּא ווילְסְט מִיר נִיט אַנְדֶערְשׁ אַיין בַייִדין , אַיין בִּילְדִין , אַז אִיךְ לַאךְ !... זָאג אִיךְ דִיר אוֹיבּ אִיךְ וֶועל לַאכִין , וֶועט דָאס דִיר זַיין עָרְגֶער , אוּנ שְׁרֶעקְלִיכֶער פוּן מַיין וַויינֶען . . . אַז אִיךְ וֶועל לַאכֶען , וֶועט זִיא גֶעוִוים הֶערִין מַיין גִילֶעכְטֶער אוּנ גִיט נָאר זִיא , נָאר דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט ! נָאר אִיצְט לַאךְ אִיךְ נָאךְ נִיט ; אִיךְ בִּין נָאךְ דָער וַוילֶע בַּייא מַיין דַעַת , אִיצְט וַויין אִיךְ ; אִיךְ וַויין מִיט טְרֶערִין , מִיט בְּלוּט , אוּנ זָאג דִיר ; אִיךְ שְׁוֶוער דִיר בַּייא אַלֶעס וָואס בַּייא דִיר אִיז נָאךְ אֶפְשָׁר הֵיילִיג . . . אִיךְ שְׁוֶוער דִיר בַּייא דֶעם נֶפֶשׁ וָואס גֶעפִינְט זִיךְ אִין מִיר . . . אַז מָארְגִין פָאר אִיךְ צוּא אִיר ! . . .

בַּייא דִיא לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער , הָאט זִיךְ גִיהֶערְט , וִויא זִיא קָאט מִיט כּוֹחַ אִיבֶּער גֶעשְׁטֶעלְט אִיר שְׁטוּל . . . עָס הָאט זִיךְ גֶהֶערְט אַלַייכְטֶע טְרֶעטָאגֶע . . . טְרִיט . . . מִיט אַקְרִיצוּנג פוּן צִיין ; וָואס בַּייא יאקבִין אִיז אִיבֶּער גֶעלָאפִין אַקֶעלְט אִיבֶּערִין לַייבּ

— דֶעם טוֹיד ! . . . דֶעם טוֹיד זוּכְסְט דוּ ! . . . אִיךְ בִּין נִיט שׁוּלְדִיג . . . פְּרָאבִּיר , נִיבּ אַיין טְרָאט . . . דֶער וֶוערְג אִיךְ דִיר , וִויא אַקאץ אַקְלַיינֶע מוֹיז ; אִיךְ דֶער שְׁטִיק דִיר ! . . .

— באן , גייא אִיךְ ! . . . אָט אִין דֶער מִיט גְלוּשׁ נאכְט , לוֹיף אִיךְ . . . אִיךְ מוּז אִיר דֶער צֵיילִין״ . . .

עס האבין זיך ווידער געהערט טריט . . . וויא זיא ליפט צום טיהר, אונ וויא ער האלט זיא אפ ; עס האט זיך געהערט אשטארקע אגרויסע באוועגונג ; אונ באלד האט זיך געהערט וויא זיא זאגט . . . זיא שרייט מיט אפארשטיקטין קול . . . —יווערג ! . . . וו—ע—ר—ג !. . . אונ דער פאר ווארגענער קול, איז געווארין פון סעקונדע צו סעקונדע, מער הייזעריגער, מער פאר שטיקט, מער טראפעגדיג, מער חארחעלדיג ; אונ אפאר ווערטער זיינען געווען דורך דיא ציינער ארויס געזאגט : דא-טע-וועט ! . . . גע-וואלד !

יאקאוו האט פארשטאנען, אז איהר איז נייטיג זיין הילף. איצט איז צו רעכטע צייט. . . ער האט נאר ניט געוואוסט וויא איז גלייכער; ער זאל נאר אן קלאפין אין טיהר . . . אדער אנהייבין שרייען . . . דער רוצח זאל הערין, אז מען הערט; אדער דאס קאן פירין נאך צוא אגרעסערע רציחה ; גלייכער מען זאל אן קלאפין אין זייער טיהר ; (ניט אין דער טיהר בייא וועלכע ער שטייט אין זיין צימער) ; יאקאוו איז פלינק ארויס פון זיין צימער אונ געבענדיג אגוטין קלאפ אין דער טיהר, פון יענעם צימער, האט זיך דיא טיהר באלד גיעפינט ; אונ יאקאוו האט זיך אריין געבראכין אין צימער מיט דעם זעלביגען איינפעט אונ האסט, וואס איינער לויפט מיט פינף אונ צוואנציג עמער וואסער אין דיא הענד ארויף צוא גיסין, אויף דעם גרויסין פלאקער, מיט דעם פלאם פייער וואס האט זיך פלוצלינג, ארויס געכאפט פון אקופה שטרוי ! עס איז אבער ניט שווער זיך אויס צוא מאלין, יאקאווס איבער ראשונג מיט זיין צו טומעלקייט דער זעהענדיג ; אז ער האט פאר בלאנזעט... ער האט זיך אריין געכאפט אין איין אנדער חדר ניט אין דעם וואו דער געוואלד האט זיך געהערט ;

אין דעם ציטער זיינען געווען דכייא פענשין, איין מאנקאפארשווין, אדיקער מענש פיים צוועלטער פון פופציג יאהר; דיא צוויייטע אפרויי אין זיינע יאהרין, אונ אין זיין גרעב; דיא ביידע ניינען זיך רוהיג געזעסין אויף זייערע שטולין; אביסיל אפ נוייט פון זיי, בייא אטישיל איז געזעסין אפריילין, אונ האט געשריבין פאר דעם איינציג דונקעלען לעמפיל אבריף; ניט פון זייערע געזיכטער, ניט פון זייערע פיזיאגאמיען, אונ פאזעס, איז געוועזען דאס מ'נדרסטע צו באמערקען סימנים פון רציחה; פון גזאלד-טהאטיק, פון אכזריותדיגע מעשים...

יאקאוו איז אזוי צו מישט אונ פאר שעמט, שטיין געבליבין ביים טיהר, ער האט ניט געוואוסט וואס ער זאל זאגין, וואס ער זאל ריידין.

—"וואס דארפט איהר? וואס טוטעס ווילט איהר אונז זאגין?" . . .

האט דער דיקער מאן, מיט אלצנות שמייכעלע גיפרעגט;

יאקאוו האט געשוויגין, זיינע אויגין האבין געבלאנזעט אין האלב פינסטערין ציטער...

—"נאט איך, אשטוהל מיין העיר, זעצט איך אביסיל; איך זעה אז איהר זיינט דער שראקין!"

יאקאוו האט אים דער ציילט, זיין גאנצע באקטענעס...

—"מיהר ר ע פ ע ט י ר ין, מיין פריינד! מיר זיינען אקטיארין... מיר זיינען פון... גרופע! דאס האבין מיר געמאכט רעפעטיציע... אדאקטאר איהר

אִיהר פַּאר שְׁטָעהט ? דָאס אִיז אַגוּטָער סִימָן, אַז מִיר שְׁפִּילְן דִיא רָאלֶע, גְאטִירְלִיךְ גוּט!... הַא וִויא מֵיינְט אִיהר ?„...

—"אוֹיס גֶעצֵייכֶענְט! גֶענוּמֶען פוּן לֶעבֶּען... פוּן הַיינְטִיגֶער צֵייט!..."

הָאט יאקאוו אָפּ גֶעבֶּענְדִיג אַשְׁבַח מִיט אַקָאמְפְּלִימֶענְט דָעם אַקְטְיָאר אַבִּיסִילֶע בֶּערוּהִיגְט גֶעזָאגְט.

—"וָועט אִיהר אֶפְּשָׁר מָארְגִין קוּמֶען אוּנְז הֶערִין? הַא ?„

—"אִיךְ וַויים נִיט, אוֹיבּ אִיךְ וָועל גַאנְץ פְּרִיה נִיט אָפּ פָּארִין:..„

—"ווּאוּ הִיען פָּארְט אִיהר ?"...

—"קַיין... קַיין קאמקאט"...

דִיא פְּרֵיילִין וָואס הָאט דִיא גַאנְצֶע צֵייט נִיט אַרוֹיס גֶעלָאזְין דִיא פֶעדֶער פוּן הַאנְד; אוּנ נִיט אַרוֹיס גֶענוּמֶען דִיא אוֹיגִין פוּן בְּרִיף, הָאט זִיךְ פְּלוּצְלוּנְג אַחַאפּ גִיגֶעבִּין; אוּנ אִיז צוּא גֶעגַאנְגֶען צוּם יוּנְגֶען פְּרֶעמְדֶען מֶענְטְשִׁין; זִיא הָאט אִיהם אַרֶענְגֶעלֶע בֶּעטְרַאכְט; אוּנ צוּ זַאמֶענְ־קְלַאפֶּענְדִיג בֵּיידֶע הֶענְד הָאט זִיא אוֹיס גֶעשְׁרִיעֶן:

"נָאט מַיינֶער, וִויא קוּמְט אִיהר אַהֶער, יאקאוו!...

—"דָאס אִיז מערעלע! מֵיין לִיבֶּע מערעלע! ווִיא קוּמְסְט דוּ אַהֶער? גָאט מַיינֶער, וָואס אִיז דָאס פַּאר אַחָלוֹם!...

—"אִיךְ חַלְשׁ, אִיךְ שְׁטַארְבּ!" הָאט מערעלע גִיזָאגְט פַאלֶענְדִיג בַּאי יאקאווין אוֹיפִין הַאלְז, מִיט אַמְשׁוּגָה־ם גֶעוויין!

—"אַ... זִיא שְׁפִּילְט אִיצְט אִיר רָאלְלֶע אוֹיס גֶעצֵייכֶענְט„! הָאט דָער אַקְטְיָאר גֶעזָאגְט לַאכֶענְדִיג.

אוּנ בַּאלְד זַיינֶען דִיא בֵּיידֶע שְׁוָועסְטָער קִינְדֶער אִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען צוּ יאקאווין אִין צִימֶער; זֵיי הָאבִּין זִיךְ יֶעדֶער אוֹיס דֶער צֵיילְט, וָואס מֶען הָאט גֶעמֶענְט דֶער צֵיילִין... בִּיז טָאג זַיינֶען

וַייא בֵּיידֶע גִינֶועסִין , גִירֶעדְט אוּנ דֶער צַייטְלט .

אוֹיף מָארְגִין הָאט זִיךְ מערעלע צוּ רֶעבִינְט מִיט איר חָבְרָה; וִיא הָאט גִיהַאט אִירֶעס נְרַייטֶע גֶעלְט קָרוֹב צוֹא פוּפְצֶען הוּנְדֶערְט רוּבִּיל ; חוּץ צִירוּנְג , קְלֵיידֶער , מִיט אַנְדֶערֶע חֲפָצִים ; קוּמֶענְדִיג אִין קאמקאט , אִיז בַּייא וַייא גִיוֶועין חְתוּנָה , נַייא הָאבֶּען בֵּיידֶע זַייעֶר בַּיין , זַייעֶר גְלִיקְלֶעךְ גִילֶעבְט .

מִיט פִינְף יָאהר שְׁפֶּעטֶער , אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דָאקְטֶער דְבַאטָּוֶוע מִיט זַיין מַאדַאם , דָאקְטָארְשֶׁע דארע מארקאוונע , קִיין קאמקאט , פַאר פְּרִינַואט דָאקְטָאר ; פַאר דִיא עֶטְלִיכֶע יָאהר , הָאבֶּען זַייא גֶעפַּאטֶערְט דֶעם נַבְן , אוּנ זַיינֶען מְגוּלְגָל גֶעוֶוארִין אִין דְבַייסִינ אַנְדֶערֶע אָרְטֶער , אוּנ אִין עֶרְגֶעץ , גֶעפִינֶען זַיי קֵיין גְלִיק נִיט . . .

דארע מִיט יאקאווין הָאבֶּען זִיךְ עֶטְלִיכֶע מָאל בַּאגֶעגִינְט נָאר בֵּיידֶע שֶׁעמֶען זִיךְ , אֵיינֶע פַאר דִיא אַנְדֶערֶע . . . בֵּיידֶע טְרֶעטִין זִיךְ אָפּ דִיא וֶועג ; וָואס זַייא טְרַאכְטִין , וַויים קֵיינֶער נִיט . . . ;

יאקאוו הָאט גֶעווים נִיט קֵיין חָרָטָה.



## 7.

### גְרוֹים מוּטְהִיג !

דֶער טָאג אִיז גִיוֶועין אַיין אָסֶענְדִיגֶער , אַקאלְטֶער , דֶער הִימֶעל אִיז גִיוֶועין מִיט אַסֶערֶען וָואלְקִין פַאר צוֹיגִין , אוּנ אַגֶעדִיבְטֶער רֶעגִין הָאט אָן אוֹיפְהֶער גִיגָאסִין ; אַלֶע גַאסִין זַיינֶען אִין קאמקאט פוּל גִיוֶועין מִיט וַואסֶער אוּנ בְּלָאטֶע ; אַרוֹים קוּקִינְדִיג דוּרְכִין
פענסטער אדאקטאר

בּענקסטער פון אַרבּײטינג שיין צו געפּוצטין צימער, אויף דעם חושך פון דרויסין, איז אַן געפאַלין יעדערין אַמָרה שחוֹרה; דעם זעלבּיגין טאג איז יאקאוו געזעסין מיט זיין מערעלען, אין זייער רייך אוים געפּוצטין עסס-צימער, אונ האבּין געשמוּסט, מיט גרוים אַפּעטיט, זיך פיהלינדיג גליקליך אונ צו פריעדען; אין דיא זעלבּיגע מינוט האט זייא דער בּריפּטרעגער אַבּריף געבּראַכט. יאקאוו האט אים געעפינט אונ אַנגעהייבּין לייענען פאָלגענדעס: "געאַכטעטער הערר יאקאוו! אויב נאטעס וויליין אָדער מיין שיקזאל איז אַנעלכער נייס איך ניט. נאר אַז מיר איז בּאשערט אַז מיהר זאָלין זיך אַזוי אָפּט בּאגעגנען אונ אַז איך זאל מוזין אייער הילפּע בּעטין, דאס איז געוויס ריכטיג. יאקאוו. מיר איז ניט גוט, מיין מאן דער דאקטאר איז קראנק, דיא כּאדערפּעניש זיינען גרוים, פון בּריק אין וואסער! קאנט איהר מיהר אוים העלפין מיט אַגמילות חסד איז געוויס זייער גוט. ווייניגער פון צוויא הונדערט, קאן מיר ניט העלפּען. אייער בּעקאנטע דארע מארקאוונע.

מיט צוויא שעה שפּעטער, האט יאקאוו אַריין געשיקט דארען צוויא הונדערטער. יאקאוו האט איצט דער ציילט זיין מערעלען, דיא גאנצע געשיכטע, וויא זיא דארע, האט אים פאר יאגט, אונ פאר טריבּען צוא איר צוא מערעלען . . . דאן האט מערעלע געזאגט: "אויב אַזוי, וועל איך שיקין נאך צוויא הונדערט!" מיט דרייא טאג נאך דעם, האט יאקאוו ווידער ער־האלטין אַבּריפּעלע מיט דיא ווערטער: איך דאנקע אייך, געאַכטעטער יאקאוו! דיא ווערטער פון אייער בּריף וועלכער געפינט זיך עד עתה בּייא מיר, זיינען מקוים געוואָרין. איהר דאַרפט מיר מוחל זיין, איך האב פאר מיין נארעשקייט גענוג טהייער בּעצאהלט!"

—"איך בין איר מוחל! מוחל!" האט יאקאוו געריכט

געוואנט . צייט , נאך יענעם בריפעלע זיינען זיך איבער געלאפין גאנצע צוואנציג יאהר . מער האט יאקאוו קיין ידיעה , קיין געררוס ניט ערהאלטין , וועגין דארען מיט איר מאן ; וועגין זיין גמילות חסד , האט ער זיך וייטער וויינג בעאונרוהיגט ער איז געוועזן געניג רייך און גליקליך . נאר אונגעטראכט האט ער ערהאלטין פאלגענדין בריף :

—„ליבער געאכטעטער העדר יאקאוו פיינקינד ! מיט דיזען בריף צו נאמען ערהאלטעט איהר צוויא הונדערט רובל , וועלכע מיין זעליגע מוטער דארע מארקאוונע , האט מיט אהאלבע שטונדע פאר איר טויד , מיר געהייסין אייך אפ צאהלין , און אייך זאגין איר לעצטין דאנק !.

יא, גרויסמוטהטיג ! האט יאקאוו געזאגט און צוויא טרערין וואס האבען זיך פון אונטער זיינע ברעמען ארויס געקיילט זיינען געפאלין אויפין בריף און אים נאס געמאכט .

אוראקמאר

# ענדע

